פרייל‫אַנד־בראָשורן־ביבליאָטעק

נומער 1.

# נידער מיט דער מלחמה

פון

י. נ. שטיינבערג

פֿרייל‫אַנד־ליגע

ניו־יאָרק, 1947

איבערגעדרוקט פון „אויפן שוועל"

(אָקט.־נאָוו. 1946)

אין גיכן דערשיינט נומער 2 אין דער

„פרייל‏אַנד־בראָשורן־ביבליאָטעק"

דער אינהאַלט פון דער צווייטער בראָשור

וועט זיין דער פאָלגענדער:

די רעפעראַטן, דער באַריכט און די רעזאָלוציעס

פון דער ערשטער פרייל‏אַנד קאָנפערענץ


FREELAND-LEAGUE

1819 Broadway, New York 23, N. Y.

Telephone: COlumbus 5-0963

עס איז געקומען די צייט צו ריידן אָפן וועגן דעם גרויסן טומל וואָס הערשט אויף דער יידישער גאַס. כמעט די גאַנצע יידישע עפנט־לעכקייט איז פאַרכאַפּט פון איינאייינציקן פּראָגראַם, פון אייניינציקן לאָזונג, וואָס פאַרטויבט אומברחמנותדיק די מוחות מיט די הערצער. די פאָדערונג, דאָס געשריי וועגן אַ תיכפדיקער מלוכה אין ארץ ישראל הילכט אומאויפהערלעך איבער אַלע אַסיפות, אויף די שפּאַלטן פון אַלע צייטונגען. נאָך מער: די יידישע פּרעסע פון אַמעריקע איז „גלייכגעשאַלטעט“ געוואָרן: זי דינט נאָר דעם זעלביקן שריי־ענדיקן פּראָגראַם. ניט מען לאָזט צו צו איר אַ וועלכע ניט איז „פרעמדע“ שטים, און ניט מען גיט דעם פאַרטומלטן לעזער די ריכ־טיקע אינפאָרמאַציע.

באמת, ווי זאָל דער לעזער קענען זיך אַנטקעגנשטעלן אַט דעם מבול פון טענות, פאָדערונגען און איינרעדענישן, ווען זיי ווערן אים אונטערגעטראָגן אין אַלע מעגלעכע פאָרמען פון דרוק: פּאַטריאָטישע, פילאַנטראָפּישע, נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע, סאָציאַליסטישע. מען האָט שוין כמעט אויסגעלערנט דעם יידישן קהל צו גיין אין דעם טאָטאַלי־טאַרן שפּאַן, און דער פּשוטער מענטש האָט ניט דעם מוט צו טראַכטן פאַר זיך. און ווען קומט דאָס אַלץ פאַר, אין וואָס פאַר אַ צייט פאַר דעם יידישן פאָלק? אין אַ צייט ווען זיין גורל ווערט אַנטשיידן אויף דורות פאָראויס, ווען מיליאָנען פאָלקס־ברידער ליגן אין די קברים, ווען נאָר איין־איינציקער כוח קען אונדז ראַטעווען: דער כוח פון פּ ר י י ע ן און ע ר ל ע כ ן יידישן דענקען.

אָט אין אַזאַ צייט, ווען טויזנט געפאַרן לויערן אויף אונדז פון אַלע זייטן, פענטעט מען מיט היפּנאָטישער קראַפט די פאַרבליבענע שעפערישע כוחות פון אַ פאָלק און מען בינדט אים צו צו איין פאַר־מולע, איין שם המפורש. אַ שיינעם פּנים האָט אונדזער קריטיק פון דיקטאַטורן אַנדערשוואו, ווען מיר דערלאָזן אַזאַ סיסטעם פון גייס־טיקער הכנעה שוין איצט, אין דער נאָך ניט געשאַפענער „מלוכה אין וועג“. און ווען מען דערהערט שוין אַמאָל אַ וואָרט פון קריטיק אין אונדזער פּרעסע, ווי פאַרזיכטיק, ווי שטאָטערדיק זי איז לגבי דעם הערשנדיקן גייסט!

אָבער מען טאָר דאָך ניט שווייגן פּנים אל פּנים מיט דעם פייער וואָס ברענט מיט אַזאַ טייוולשער היץ אין ארץ ישראל און וואָס פאַר־שפּרייט זיך פון דאָרטן אויפן גאַנצן כלל ישראל. וויסנדיק צי ניט וויסנדיק פירן מיר דאָך שוין אַ לענגערע צייט אַ מ ל ח מ ה, אַ דרייפאַכע מלחמה אין דער וועלט. ווילנדיק צי ניט ווילנדיק גראָבן מיר דערמיט אונטער די סאַמע יסודות פון אונדזער לעבן אַלס פאָלק.

:: :: ::

די ערשטע מלחמה ווערט אָנגעפירט קעגן ע נ ג ל אַ נ ד, קעגן דער ענגלישער רעגירונג, קעגן דער ענגלישער לייבאָר פּאַרטיי. דוכט זיך, אַלע ווערטער פון כעס און פאַראַכטונג לגבי די ענגלענדער זיינען שוין אויסגענוצט געווען, און דער יידישער עולם האָט זיי גענוג טיף אַריינגענומען אין זיך. אַוודאי זיינען פאַראַן שטאַרקע סיבות פאַר דער באַרעכטיקונג פון אַזאַ כעס און פאַרביטערונג.

ווי קען מען צוזען די ביטערע און גרויזאַמע סצענעס, וואָס שפּילן זיך אָפּ זינט חדשים אין די שטעט, אין די דערפער, ביי די ברעגעס פון א״י? ווי אַזוי איז עס מעגלעך געוואָרן אַז בייע פאַרפאַלגונגען, יסורים און בזיונות זאָלן זיך שיטן אויף די קעפּ פון יענעם פאָלק, וואָס איז אָקאָרשט אַרויס פון די קאַלכאויוונס פון היטלערן? ווי אַזוי זיינען אַזעלכע מאַסנעמען געקומען פון דער האַנט און דורך דעם באַפעל פון אַ פּאַרטיי און אַ רעגירונג וואָס האָט אָנגעצייכנט אויף איר פאַן די באַפרייאונג פון מענטשן? נאָך דעם וואָס זי האָט צוגע־זאָגט דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רעזאָלוציעס, ווי האָט זי געמעגט אַזוי טיף אַנטוישן איר אין דערווירקלעכקייט?

דאָס זיינען אַלץ גערעכטע פראַגעס וואָס האַלטן דעם יידישן מענטשן אין אַ שטענדיקן צושטאַנד פון אויפרעגונג און אַנטריסטונג. און דאָך — טאָרן מיר זיך ניט באַגנוגענען מיט די דאָזיקע געפילן אַליין; טאָרן מיר ניט דערלויבן די יידישע נשמה אויפגעפרעסן צו ווערן פון הילפלאָזן כעס און דורכאויסיקער שנאה. וואָרעם אַ פאָלק וואָס קעמפט פאַר זיין קיום מוז זיך אויסלערנען אויך צו טראַכטן רואיק, מיט ישוב הדעת, מיט אַ קלאָרן איבערבליק פון אַלע סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן דאָס אומגליק. און דער אמת איז אַז ניט נאָר „ענגלאַנד" האָט געבראַכט צו דעם איצטיקן צושטאַנד, נאָר אויך דער פּאָליטישער ציוניזם אין זיין גאַנצער אַנטוויקלונג פאַר די לעצטע יאָרן.

צוויי היסטאָרישע פעלערן איז דער ציוניזם באַגאַנגען, הגם זיי וואָלטן געקענט אויסגעמיטן ווערן. דער ערשטער פעלער איז געווען און געבליבן דאָס וואָס מען האָט קיינמאָל ניט געזוכט אין ארץ ישראל די עכטע, די אומפאַרפעלשטע שותפות מיט דעם אַ ר אַ ב י ש ן שכן. מען האָט, אין דער בלינדקייט פון פּאָליטישער ליידנשאַפט פשוט מבטל געמאַכט אים, אָדער אים באַהאַנדלט ווי אַן אומוויכטיקן טייל פון דעם לאַנד. מען האָט פאַרזען ווי די אַראַבישע וועלט מחוץ א״י, אָבער אויך אין די גרענעצן פון א״י, איז פון יאָר צו יאָר געוואַקסן סיי פּאָליטיש און עקאָנאָמיש, סיי אין גייסטיקן און אינטערנאַציאָנאַלן זינען. מען

האָט זיך פאַרלאָזן אויף אַלע מעגלעכע פאַקטאָרן, ראשית כל אויף ענגלאַנד; נאָר ניט אויף דעם אַראַבישן פאַקטאָר. און דאָס האָט בפירוש אָפּגעשוואַכט די פונדאַמענטאַלע פּאָזיציע פון א״י־ישוב, אויך לגבי ענגלאַנד.

און דער צווייטער פעלער איז געווען די פּראָקלאַמירונג אין יאָר 1942 פון דער פאָדערונג פון אַ תיכּפדיקער מ ל ו כ ה אין א״י. יעדער וואָס האָט געקוקט מיט אָפענע אויגן אין דער וועלט־לאַגע ווי זי האָט זיך אויסגעבילדעט אין די לעצטע יאָרן פון דער מלחמה, האָט פאַרשטאַנען, אַז אין דעם ברוייזנדיקן ים פון די אַראַבישע פעלקער וועט מען ניט קענען מיט פרידלעכע מיטלען אַרויפצווינגען די שאַפונג פון אַ ריין־אידישן שטאַט. וואָס פאַר אַ רעגירונג עס וואָלט ניט געזעסן אין לאָנדאָן (אָדער אין וואַשינגטאָן), וואָס פאַר אַ צוזאַגן די אָדער יענע פּאַרטיי וואָלט ניט געהאַט געמאַכט צום ציוניזם, — די רעאַלע וועלט לאַגע וואָלט עס אין אַ ז אַ פאָרם ניט צוגעלאָזן. נאָך מער: אַ לייבאָר־רעגירונג וואָלט באַזונדערס ניט געקענט נעמען אויף זיך דורכצוזעצן מיט געוואַלט אַזאַ שטאַט: איז זי דאָך געשטאַנען מיט אומרו פאַר די רעבעלירנדיקע ראַסן און פעלקער פון גאַנץ אַזיע. די עוולה פון בריטישן לייבאָר איז באַשטאַנען ניט אַזוי אין דעם וואָס ער האָט פאַרראַטן זיינע צוזאָגן, נאָר אין דעם, וואָס ער האָט זיי בכלל געמאַכט.

אַזוי אַרום איז א״י געשטאַנען אויף מאָרגן נאָך דער מלחמה שווער באַלאָדן מיט דיביידע אומהיימלעכע פעלערן, דער ציוניזם האָט געפאָדערט עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען האָט עס ניט געקאָנט אַריינפּאַסן מיט פרידלעכע מיטלען אין דעם נייעם בילד פון נאָענטן מזרח. און געפאָדערט האָט ער עס אָן וועלכער ניט איז אונטערשטיצונג מצד דעם אַראַבישן שכן; פאַרקערט, דער שכן האָט זיך שאַרף אָפּגעזאָגט צו ווערן אַ שותף אין דער זאַך. דערמיט איז דער קאַמף קעגן „ווייסן פּאַפּיר" געוואָרן אומגעהויער פאַרשווערט, און אין א״י האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן יענער ביז טויט געפערלעכער גייסט וואָס ווערט אַזוי גרויזאַם קלאָר באַשריבן פון משה סמעליאַנסקין. פון דעם „גייסט" איז אויסגעוואַקסן דער טעראָריזם, דער באַוואָפנטער קאַמף קעגן דער ענגלישער מאַכט, די מלחמה. דער טעראָריזם איז דער אויסדרוק פון יענער פאַרצווייפלונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן ישוב ביים אָנבליק פון דער אויסזיכטסלאָזיקייט פון זיינע פאָדערונגען. מען וויל מיט געוואַלד, מיט שרעקנס־מיטלען, מיטן סם פון קאָלעקטיוון האַס צעהאַקן דעם טראַגישן קנופּ, וועלכן מען האָט אַליין, אין גרויסער פאַרבלענדקייט פון די פירער, געשאַפן.

און אַז מען הייבט אָן אַזאַ קאַמף, טאָר מען זיך ניט וואונדערן

ווען אויך דער אַנדער צד גרייפט צו אַגרעסיווע און האַרטע מעטאָדן און הייבט אָן צו טרעטן מיט די פיס זיינע אייגענע פרינציפּן. עס איז נאַריש און פאַרברעכעריש לגבי דער יידישער צוקונפט צו באַשול־דיקן די ענגלענדער אָדער די לייבאָר־טוער, אַז זיי ווילן „אָפּווישן די יידישע ראַסע פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד". פונקט פאַרקערט: דער גרעסטער טייל פון פאַראַנטוואָרטלעכן ענגלאַנד, אין אַלע זיינע שיכטן, איז דערשיטערט פון דער שוידערלעכער אויפגאַבע, וועלכע ער פירט דורך היינט צו טאָג אין א"י; ער איז דערשיטערט און קען זיך דערווייל קיין עצה ניט געבן. אָבער די לייזונג, אַ וועלכע ניט איז לייזונג פון דער דראַמע, וועט מוזן קומען ניט אַנדערש ווי מיט דער מיטהילף פון ענגלאַנד. און עס איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס עס גייען איצט אָן די פאַרצווייפלטע פאַרהאַנדלונגען אין לאָנדאָן צווישן דער יידישער אַגענץ און דער ענגלישער רעגירונג. וואָרעם — אויב באמת „ענגלאַנד" איז נישט מער ווי אַ פאַררעטער לגבי דער וועלט, אויב די ליכט פון רעכט, גערעכטיקייט און פשוטער מענשלעכקייט וועלן אויסגיין אין ענגלאַנד, דעמאָלט וועט ווערן פינצטער סיי דאָ אין אַמעריקע סיי אין דער גרויסער וועלט.

עס איז נישט לפי אונדזערע כוחות און עס ליגט נישט אין אונ־דזערע צוקונפט־אינטערעסן צו פירן אָט די מלחמה קעגן דעם ענגלישן פאָלק און זיין אַרבעטער־קלאַס. עס מוז קאָרדינאַל געענדערט ווערן די לאַגע, וועלכע באַדראָעט מיט געפאַרן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק: די ריין־פּאָליטישע מלוכה־אַמביציעס פון ציוניזם מוזן אָפּטרעטן אויף צוריק לגבי די פאָדערונגען פון פרידלעכער אַנטוויקלונג און עכטן צוזאַמענלעבן פון דיביידע פעלקער אין א"י.

:: :: ::

וואָרעם אין דער אמתן, הגם אומבאַמערקט, ווערט איצט דאָרטן געפירט נאָך אַ צווייטע מלחמה: קעגן די אַראַבער, מיר טאָרן זיך ניט לאָזן נאַרן פון דער אויבנאויפיקער רואיקייט, וואָס הערשט דער־ווייל אין די יידיש־אַראַבישע באַציאונגען. דאָס איז אַ פאַלשע און דערפאַר אַ טאָפּלט געפערלעכע רואיקייט, וואָס קען אַלעמאָל אויפ־געריסן ווערן פון אַ שטורעם. דעם יידישן פּאָליטיש־פאַרגליווערטן עולם דוכט זיך אַז דער קאַמף גייט אָן נאָר צווישן יידן און ענגלאַנד. און דערפאַר הערט ער זיך צו צו די געוויסנלאָזע יידישע שרייבער וואָס פאַרגלייכן אים שטענדיק מיט דעם קאַמף פון די אירלענדער קעגן ענגלאַנד. דער „קלוגער" אויספיר איז תמיד אַז מיר וועלן פונקט אַזוי אַרויסגיין מיט נצחון פון דעם קריג ווי דאָס פאָלק פון אירלאַנד איז אַרויס.

און דער עולם, דער עם חכם ונבון, מאַכט זיך ניט זעענדיק ווי אַנדערש, פונדאַמענטאַל אַנדערש איז די לאַגע פון יידן אין א"י. אין אירלאַנד זיינען געשטאַנען איינער קעגן דעם אַנדערן מיט האַס און פאַרביטערונג צוויי, אָבער נישט מער ווי צוויי לאַגערן: די ענגלענדער און די אירלענדער. בשעת די צווייטע האָבן ביטער געקעמפט צוגע־דריקט מיט די רוקנס צו דער וואַנט, האָבן זיי געוואוסט, אַז הינטער דער וואַנט שטייט ניט קעגן זיי נאָך אַ קעגנער. אָבער אין א"י פירן אַ געפערלעכן שפּיל מיטן טויט ניט נאָר די צוויי לאַגערן: יידן און ענגלענדער — נאָר אויך די אַראַבער. זיי זיינען פאַראַן אין לאַנד, אין יעדן שפּעלטעלע פון לאַנד; זייער שווייגנדיקער אָבער באַדראָ־ענדיקער שאָטן צייכנט זיך אָפּ אויף דעם גאַנצן האָריזאָנט פון לאַנד. זיי שווייגן דערווייל, אָבער זייער שווייגן פּילט אָן אונדזער האַרץ מיט נאָך אַ גרעסערן און טיפערן אומרו.

דערפאַר זיינען מיר איבערצייגט, אַז די אַלע אומצייליקע קאָנ־פערענצן און פאַרהאַנדלונגען מיט ענגלאַנד און אַמעריקע זיינען כמעט אומטויגלעכע מיטלען, כל זמן עס וועט ניט קומען צו אַ דירעקטן הסכם מיט דעם אַראַבער. עס איז קיין נפקא־מינה ניט ווי מען וועט פאָרמולירן דעם צוקונפטיקן פּאָליטישן סטאַטוס פון א"י (פעדעראַציע צי חלוקה, צי אַנדערשווי); דער סטאַטוס וועט הענגען אין דער לופט אַזוי לאַנג ווי ער וועט ניט זיין געבויט אויף קעגנזייטיקן פאַרטראָג און צוטרוי. בעסער, טויזנט מאָל בעסער, אַ באַשיידענע פּאָליטישע באַזע פאַרן ישוב, אויב זי איז פאַרבונדן מיט אַראַבישער שותפות, איידער יידישער מלכות מיט דעם פוסטן דיפּלאָמאַטישן גלאַנץ, אויב ער ווערט אַרויסגעצוואונגען אויפן לאַנד מיט דער הילף פון דרויסנ־דיקע „פריינט".

אָבער ליידער ניט אַזוי טראַכטן די אַגרעסיווע גרופּעס פון א"י, — און מיט זיי דער רוב פון דעם ישוב. עס איז ווערט צו באַקענען זיך דאָ מיט אַ דאָקומענט, וואָס איז געהיימניספול צוגעשטעלט געוואָרן צו די מיטגלידער פון דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער אויספאָרש־קאָמיסיע בעת זיי זיינען געווען אין א"י, אין אַפּריל 1946. טיילן פון יענעם דאָקומענט זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פון לאָרד מאָריסאָן אין ענגלישן לאָרדן־הויז, דעם 31טן יולי.

„ער איז געווען אונטערגעשריבן אין דעם נאָמען פון „הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג". אָט וואָס עס איז געשטאַנען אין אים: „אויב אייער לייזונג וועט זיין אַנטי־ציוניסטיש, וועט אונדזער ווידערשטאַנד אַנגיין ווייטער און ווערן אַלץ שטאַרקער. עס וועט געשאַפן ווערן אַ ניי פּראָב־לעם אין דעם לאַנד, — דאָס בריטישע פּראָבלעם, דאָס

פראָבלעם פון זיכערקייט פאַר ענגלענדער אין פּאַלעסטינע...
מיר באַדראָען ניט; מיר ווילן נאָר אַז איר זאָלט קלאָר קענען
אונדזערע כוונות. די אויסבילדונג און אויסשטאַטונג פון אונ־
דזערע כוחות איז גענוג אויף אויסצוהאַלטן אַ לאַנגן און שווערן
קאַמף. אָבער אונדזער כוח ליגט אין דעם פאַקט, וואָס י ע ט־
ו ו ע ד ע ר י י ד אין פּאַלעסטינע שטייט אויף אונדזער זייט,
און 12 מיליאָנען יידן שטייען הינטער אונדז, און פאַר יעדע
הונדערט אָדער טויזנט וואָס קענען ווערן אַרעסטירט אָדער
געהרגעט, וועלן אַנדערע הונדערטער און טויזנטער אַרויסקומען
און פאַרנעמען זייער אָרט".

אָבער וויכטיקער פאַר אונדז איז יענער טייל, וואָס דערמאָנט
די אַראַבישע געפאַר, און הערט, ווי דער דאָקומענט „לייזט" די
דאָזיקע פראַגע:

„עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז די יידישע מאַכט שטייט
העכער בנוגע איר אָרגאַניזאַציע, אויסבילדונג, פּלאַנירונג און
אויסשטאַטונג (מיט געווער), און אַז מיר אַליין וועלן זיין אימ־
שטאַנד פאַרטיק צו ווערן מיט אַן אַטאַקע אָדער אַן אויפשטאַנד
מצד די אַ ר אַ ב ע ר, ניט אַנקומענדיק צו דער הילף פון די ענג־
לענדער אָדער אַמעריקאַנער. אויב איר וועט אָננעמען די ציוניס־
טישע לייזונג, אָבער איר וועט ניט קענען אָדער ניט וועלן
אַרויפצווינגען איר, בעטן מיר אייך, מישט זיך ניט אַריין. מיר
אַליין וועלן עס פאַרווירקלעכן. מיר זיינען ניט פאַראינטערע־
סירט צו בעטן אַז מען זאָל אַרויסנעמען די ענגלישע אַרמיי פון
פּאַלעסטינע, אָבער מיר האַלטן ניט איר אַנוועזנהייט פאַר נויטיק
כדי צו העלפן אונדז".

טראַכט זיך אַריין אין די דאָזיקע רייד, וואָס זיינען פול מיט
גרינגשאַצונג פון דעם קעגנער, מיט גרויסהאַלטונג לגבי זיך אַליין און
מיט בלינדקייט לגבי דער גאַנצער וועלט. וואָס זאָגן אַן די מחברים
פון אַזאַ דאָקומענט? זיי זאָגן אָן אַז נאָכדעם ווי דער פאַרהאַנג וועט
זיך אַמאָל אַראָפּלאָזן איבער דעם קאַמף פון יידן מיט ענגלענדער,
וועט תיכף באַלד דער פאַרהאַנג ווידער אויפהייבן זיך איבער אַ נייעם
שלאַכטפעלד: דאָס מאָל קעגן די אַ ר אַ ב ע ר. און עס איז ניט וויכטיק
היינט־צו־טאָג צי די יידישע מאַכט דאָרטן איז טאַקע „העכער אין
אויסבילדונג און אויסשטאַטונג" פון דער אַראַבישער; וויכטיקער און
שרעקלעכער איז וואָס מיט אַזעלכע כוונות און פּלענער האָט מען
אַנגעזאָפּט די ערלעכע און שעפערישע יידישע באַפעלקערונג, און אַז
דער שכן וואָס זיצט נאָענט דערביי ווייסט פון די קריגערישע צוגריי־
טונגען קעגן אים.

הייסט עס, אַז די יידישע גאולה וועט מוזן ניט אַנדערש ווי
דורכגיין דעם בלוטיקן טאָל פון קאַמף קעגן אַראַבער און מוסולמענער

בכלל. הייסט עס, אַז דער ישוב אין א״י וויל אַרויפצווינגען אויף זיך און אויפן גאַנצן פאָלק אַ נייעם היסטאָרישן יאָך: די פיינטשאַפט און קעגנערשאַפט פון דער מוסולמענישער וועלט. ניט גענוג, הייסט עס, וואָס מיר טראָגן אויף זיך די אומדערטרעגלעכע משא פון ווייטיקן און שרעק פאַר דער קריסטלעכער מענטשהייט; מוזן מיר איצט, אָפּגעצערטע און אָפּגעגאַנגענע מיט בלוט, אָנהייבן די נייע היסטאָרישע תקופה מיטן אויפשטעלן פון אַ נייעם מעכטיקן און צאָרנדיקן שונא. — אָט די פּערספּעקטיוו ווערט ניט געזען און באַטראַכט פון אונדזער׳ע שרייענדיקע שרייבער; זי ווערט פשוט פאַרוואָלקנט פון די רויכן פון דעם אַנטי־ענגלישן קאַמפּיין. אָבער ער איז דאָ, ער איז פאַראַן אָט דער פאַרשטעלטער און שווייגנדיקער קאַמף קעגן די אַראַבער.

:: :: ::

אָבער נאָך טיפער און געפערלעכער איז די דריטע מלחמה, וואָס ווערט איצט אָנגעפירט אין א״י: די מלחמה פון יידן קעגן יידן. דער טעראָריזם וואָס הערשט דאָרטן איז טעכניש און סטראַטעגיש געווענדט קעגן די ענגלענדער, אָבער זעליש און מאָראַליש טרעפט ער אין דער נשמה פון יידישן פאָלק. שפיכת־דמים, פאַרגיסן פון מענטשן־בלוט איז שטענדיק געווען פאַרדאַמט אין דער יידישער לעבנס־געשיכטע. אין יידישע באַוועגונגען, פונקט אַזוי ווי אין די אַלגעמיינע באַוועגונגען וואָס זיינען געווען באַאיינפלוסט פון יידן, האָט מען דאָס געוועד פון בלוט־פאַרגיסן שטענדיק אָנגענומען מיט מאַטערניש, מיט אומוויל, מיט מורא. מען האָט געוואוסט וואָס פאַר אַ גיפט עס ליגט אין דער פאַרניכטונג פון מענטשן, וואָס פאַר אַ טויט־געפאַר עס לויערט אַפילו אין דער זיגרייכער רעוואָלוציע.

צווישן אונדז לעבט נאָך דער דור מענטשן וואָס האָבן זיך פון דער נאָענט צוגעקוקט צו יענער גלאָררייכער רוסישער באַוועגונג, וואָס האָט באַנוצט טעראָר אין קאַמף קעגן צאַריזם. אָבער וואָס פאַר אַ טיפער מאָראַלישער תהום שיידט אָפּ יענעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן טעראָר פון דעם היינטיקן הפקרדיקן טעראָריזם פון די יידישע „עקס־טרעמיסטן”. גערשוני איז געווען דער פירער פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע וועלכע האָט געהאַלטן דעם שווערד פון טעראָר קעגן די מלוכה־רוצחים פון רוסלאַנד. אָבער בעת ער איז געשטאַנען פאַרן מיליטערישן געריכט, און שפּעטער אין זיינע זכרונות — האָט אָט דער ייד־רעוואָלוציאָנער אַרויסגעזאָגט די הייליקע ווערטער: „און באמת וועט מען קענען לעבן פריי אין רוסלאַנד? מען וועט ניט דאַרפן מער הרגענען; מען וועט מער ניט דאַרפן שטאַרבן פאַר די הריגות?... מען קען שוין טאַקע איבערלאָזן היינטערן שוועל

פון דעם נייעם לעבן די רעוואָלווערס און די באָמבעס ווי אַ פינצטערן
אָנדענקען פון דער רעכטלאָזיקייט? די ווייכהאַרציקע און
ליבנדיקע וועלן שוין מער ניט זיין געצוואונגען
צו נעמען זיך צום בלוטיקן שווערד?"

די תלמידים פון גערשוני, סאַזאָנאָוו און קאַליאַיעוו, וועלכע האָבן פאַרניכטעט די לעבנס פון די גרעסטע רשעים אין רוסלאַנד, האָבן זיך ניט געפרייט און ניט געגרויסט מיט זייער זיג. זיי האָבן, פאַרקערט, אַליין געוואָלט שטאַרבן ביי די אַקטן, כדי מיט זייערע לעבנס מכפר צו זיין אויף דער גרויסער זינד פון רציחה... אָבער דער היינטיקער טעראָריזם וואָס פליסט אַרויס פון אַ קאַלט־אויסגעחשבונטער מלוכה־שער פּראָגראַם, וואָס לויערט אויף הונדערטער און פאַרניכטעט צענד־ליקער מענטשלעכע לעבנס אין מאַסן־אַקטן, — אַזאַ טעראָריזם קען ניט אַנטהאַלטן אין זיך דעם פונק פון יענעם מאָראַליש־געלייטערטן רעוואָלוציאָנערן טעראָר. ניט געקוקט אויף די קרבנות וואָס פאַלן פון די רייען פון דער „הגנה", „אירגון" און די „שטערניסטן", ניט געקוקט אויף זייער מסירת נפשדיקן אימפּעט פאַרן יידישן פאָטערלאַנד, — פאַלן זיי דאָך אין קאַמף פאַר אַן אָרדענונג, וואָס וועט פאַרקערפּערן אין זיך מאַכט, מלוכהשן שאָוויניזם, נשמהלאָזן און פרייהייט־באַרויבנ־דיקן סדר פון לעבן. ווי אַנדערש איז נאָך גאָר ניט לאַנג געווען די אידעע און די גלאָריע וואָס האָט געשטראַלט צו אונדז אַלעמען פון די א"י־קבוצות!

די לופט פון א"י־ישוב איז היינט דורכגעזאַפּט מיט שפיכת דמים, — זאָגט אונדז משה סמיליאַנסקי מיט גרויס צער. פון אים דערהערן מיר צום ערשטן מאָל די דערשיטערנדיקע ידיעה, אַז „די מענטשן פון דער הגנה האָבן געהאַט פאַרזונקען אין די וואַסערן פון חיפה די שיף „פּאַטריע", און צוזאַמען מיט איר צוויי הונ־דערט און צוואַנציק יידישע נפשות". אויב דאָס איז אמת, דעמאָלט וואָלט עס געווען אַ באַווייז, אַז עס איז ניטאָ קיין גרויסער אונטערשייד צווישן דער הגנה און די צוויי אַנדערע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד. דער „אירגון" און די „שטערניסטן" מעגן זיך אונטערשיידן אין געוויסע פּרינציפּן פון דער הגנה, אָבער אין דער ווירקלעכקייט באַנוצן זיי די זעלביקע מיטלען. זיי אַלע דריי פאַרגיפטן די נשמה פון דער יידישער יוגנט אין א"י און מחוץ לארץ אויף דעם זעלביקן אופן: זיי לערנען איר די תורה פון בלוט און פון פייער.

אמת, מיר הערן פון צייט צו צייט, אַז שאַרפע מיינונגס־פאַר־שיידנקייטן אַנטשטייען צווישן די דריי גרופּעס. דאָ ניט לאַנג האָט אין ענגלישן פּאַרלאַמענט דער ציוניסטן־פריינטלעכער דעפּוטאַט ה. קראָס־מאַן מיטגעטיילט שטוינענדיקע פאַקטן וועגן דעם:

„נאָך רער דערמאָרדונג פון לאָרד מאָין אין קאַאיראָ איז געווען אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן דער הגנה און דער יידישער אַגענטור, פון איין זייט, און דער ענגלישער מאַכט פון דער אַנדער זייט. ניט ווייניקער ווי 25 יידן אין עגיפּטן, וואָס האָבן גענומען אָנטייל אין צוגרייטן די דערמאָרדונג פון לאָרד מאָין, זיינען אויסגעליפערט געוואָרן פון דער הגנה צו די ענגלישע אָרגאַנען. נאָך לאַנג פאַר אָט דער דערמאָרדונג, אייגנטלעך זינט דער שאַפונג פון דעם „אירגון" אין 1938, האָט די הגנה קאָאָפּערירט מיט די ענגלענדער אין באַקעמפונג פון יידישן טעראָריזם. איז עס ניט באַקאַנט אונדזער רעגירונג, אַז מער ווי 1000 מיטגלידער פון דער „אירגון" זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן צו דער בריטישער פּאָליציי אין פּאַלעסטינע דורך דער יידישער אַגענטור און הגנה ?"

מעגלעך, אַז די אַלע ידיעות זיינען ריכטיקע, און דאָך — פאַרענדערט עס ניט דעם פאַקט, אַז די „הגנה" האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט פון אַ באַרעכטיקטער שוץ־אָרגאַניזאַציע צו אַ כוח, וואָס שטייט פּאַקטיש אין איין ליניע מיט די צוויי אַנדערע. אין אַזאַ קליינעם לאַנד ווי א"י מוזן זיך אינעם „אונטערגרונד" צונויפטרעפן אַלע מיט וואָפן קעמפּענדיקע פאָרמאַציעס. זיי האָבן קענען זיך דעם זעלביקן שונא, און זיי פאַרפאָלגן אין תוך דעם זעלביקן צוועק. און אויב די באַפעלקערונג אַרום זיי שטיצט אַקטיוו צי פּאַסיוו, אַזאַ קאַמף, שטיצט זי זיי אַלעמען אַלס גאַנצעס, — און די יוגנט ווערט פאַרסמט פון אַלעמען צוגלייך. וויל מען דעריבער באַקעמפן דעם טעראָריזם אין א"י, מוז מען אָפּט אַרויסטרעטן קעגן אַלע זיינע אַנטפּלעקונגען: צי ער רייסט זיך אויף אין „קינג דייוויד האָטעל", צי אונטער די בריקן איבערן טייך אָדער אין דער קויל וואָס טרעפט אַן אומשולדיקן סאָלדאַט אויף דער גאַס.

דער טעראָריזם קען באַשטיין נאָר אַזוי לאַנג ווי די יידישע עפנטלעכקייט אויפן אָרט דולדעט אים. אין אַלטן רוסלאַנד איז געווען באַקאַנט ווי די ליבעראַלן — קאַדעטן פלעגן אַרגומענטירן מיטן צאַריזם. זיי פלעגן באַדראָען אים מיט אַזאַ לשון: „וועט איר ניט נאָכגעבן אונדז מיט גוטן, וועט ער וואָרפן אַ באָמבע!" און דער „ער" איז געווען דער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, וואָס פון זיין גבורה האָט זיך פּאָליטיש גענערט דער ליבעראַל. — עס איז מעגלעך, אַז טיילן פון די ליבעראַלע, באַלעבאַטיש־געזונטע יידישע שיכטן טראַכטן ניט בעסער ווי יענע רוסישע קאַדעטן. פון זייער נאָכגיביקייט, פריינטלעכקייט און אוממאָראַלישקייט שפּייזט זיך ניט ווייניק דער דאָרטיקער טעראָריזם. אוממאָראַליש און אַנטי־יידיש איז עס אויך ווען מען פּראָטעסטירט קעגן די אָדער יענע אַקטן נאָר דערפאַר, ווייל עס „ברענגט

שאָדן" דער נאַציאָנאַלער זאַך. די מכה פון טעראָריזם מוז פאַרדאַמט ווערן אויף דעם טיפערן און יידישן גרונט: מען טאָר עס ניט טאָן, אַפילו ווען עס זאָל זיין נוצליך און דערפאָלגרייך!

:: :: ::

עס איז מערקווירדיק ווי די כוואַליע פון סימפּאַטיעס צום א"י-טעראָריזם האָט זיך אַריבערגעגאָסן אויך קיין אַמעריקע. יידישע ציימונגען און פערזאָנען וואָס האָבן ביז איצט, דוכט זיך, ניט גענומען קיין אָנטייל אין אַזאַ מין קאַמף, גיבן היינט-צו-טאָג דירעקט אָדער אומדירעקט, זייער הסכם דערצו. דאָ נישט לאַנג, דעם 2טן אָקטאָבער, האָט דער „פאָרווערטס" אָפּגעדרוקט אויף אַ גאַנצער זייט (אַלס אַן אַדווערטייזמענט) אַן אויפרוף פון דעם „נאַציאָנאַלן יידישן ראַט". אַ חוץ דעם וואָס די ציוניסטישע אַגענטור ווערט אין אים פאַרדאַמט אין פלאַם-פייערדיקע ווערטער, געפינען מיר אין דעם אויפרוף אַזאַ מין דערקלערונג:

„מיט דעם באַנייטן קאַמף אין א"י האָט דער יידישער ישוב געלאָזט וויסן דער ענגלישער רעגירונג און דער וועלט בכלל, דורך פייער און דינאַמיט, די איינציקע שפּראַך וואָס דער שונא פאַרשטייט, אַז אַלע בייזע פּלענער צו באַרויבן די יידן פון זייערע היסטאָרישע רעכטן אין א"י, וועלן זיך נישט איינגעבן".

ווען, וועלכע יידישע באַפרייאונג-באַוועגונג האָט ווען עס איז גערעדט אַזעלכע דיבורים? ווי וועט אויפנעמען די צערודערטע יוגנט אין א"י אַזעלכע אויפרופן צו „פייער און דינאַמיט" ווען זי געפינט זיי אָפּגעדרוקט אין אַ „פאָרווערטס"? ווי וועט זי לייענען זיי ווען, למשל, אָט דער אויפרוף וועט ווערן אָנגעקלעפּט אויף די ווענט פון די שטעט אין א"י אַלס די שטים פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטערשאַפט?

און אָט קומט צופאָרן פון א"י ב. צ. גאָלדבערג, און אין דעם ערשטן פון זיינע באַריכטן („טאָג", 12 אָקטאָבער) דערציילט ער מיט אַ געלאַסענעם טאָן:

„איך האָב זיך באַצויגן און איך באַצי זיך נאָך היינט פּאָזיטיוו צו די יונגעלייט, וואָס באַגייען די טעראָריסטישע אַקטן. ווייל איך האַלט, אַז מיר האַלטן היינט אין א"י ביי אַזאַ לאַגע, וואָס אַ שטאָלץ פאָלק קאָן ניט ענטפערן אַנדערש ווי מיט טעראָר, און אַז מיט טעראָר וועט מען אפשר צו עפּעס דערפירן. אָן טעראָר איז עס אַ פאַרלוירענע זאַך".

ווען האָט מען עס ביי אונדז גערעדט מיט אַזאַ לייכטקייט וועגן דער סאַמע געפערלעכער כלי-זין וואָס אַ פאָלק קאָן אָנווענדן? וואָס

פאַר אַ רעכט האָבן שרייבער אין ווייטן אַמעריקע צו רופן און צו טרייבן אין פייער די פאַרבלענדעטע יונגעלייט פון א״י ?

צו וואָס קען אויך ברענגען דער אַפּיל וועלכן אַ ריי יידישע שריפטשטעלער האָבן געשיקט פון דאַנען צו די „ברידער פון ישוב״ ? (ערב ראש השנה „טאָג״, 29 סיפט.). דער אַפּיל איז געשריבן ווייל „עס האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן ידיעות פון א״י... וואָס גיבן דעם איינדרוק, אַזוי ווי דער ישוב וואָלט געשטאַנען אויפן שוועל פון אַ ברודער־קריג, אין וועלכן גוואַלט־מיטלען קענען, חלילה, באַנוצט ווערן פון יידן קעגן יידן״. און די שרייבער, צווישן וועלכע עס שטייען די נעמען פון אַ ריי אומאָפּהענגיקע און ניט־פּאַרטייאישע מענטשן, וואָרענען מיט פאָלגענדיקע רייד:

„מיר האַלטן עס פאַר אונדזער חוב צו וואָרענען דעם ישוב קעגן אַזאַ סכנה. מיר אַפּעלירן צו אַלע גרופּן פון ישוב צו האַלטן זיך אין די ראַמען פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין... חס וחלילה, אַז מיר אַליין זאָלן געבן דעם שונא אַ מעגלעכקייט צו צעשפּאַלטן דעם יידישן פראָנט און אויף אַזאַ אופן בייצוקומען אונדזער גערעכטן ווידערשטאַנד״.

וואָס ליגט באַוואוסט צי אומבאַוואוסט, אין אַזאַ טעקסט פון אַן אויפרוף ווען ער איז געווענדט צו אַ ישוב וואָס שטייט אין פלאַמען פון באַוואָפנטן קאַמף ? פון וועמען און צווישן וועמען קומט די באַדראָאונג פונעם „ברודער־קריג״, אויב ניט פון די דריי באַוואָפנטע געהיימע יידישע פאָרמאַציעס ? אָט צו זיי אַפּעלירט מען פון ווייטן אַמעריקע, אַז מען זאָל האַלטן נאַציאָנאַלע דיסציפּלין און אַז מען זאָל ניט שיסן איינער אויפן אַנדערן. אָבער — דערמיט גיט מען זיי גלייכצייטיק אַרויס דעם הכשר אויף דעם באַוואָפנטן און טעראָריסטישן קאַמף אין א״י. עס ווערט פאַרדאַמט נאָר דער ברודער־קריג, אָבער ניט, חלילה, די דערמאָרדונג פון איינפאַכע ענגלענדער אָדער אַראַבער ! עס ווערט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט, אַז די גאַנצע לופט פון דאָרטיקן ישוב — אָט טאַקע מיט „פייער און דינאַמיט״ — איז שלעכט, איז געפערלעך, איז זינלאָז. עס ווערט אַפילו ניט געמאַכט קיין חילוק צווישן דער הגנה און דעם אירגון : געהערן זיי דאָך אַלע צו די כוחות, וואָס „די יידן פון אַמעריקע האָבן מיט קלאַפּנדיקע הערצער, פול מיט באַוואונדערונג, נאָכגעפאָלגט זייער העראָאישן קאַמף״.

האָט מען, ביים אונטערשרייבן אַזאַ אויפרוף, גאָר ניט געטראַכט, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס מוז האָבן אויף דער יוגנט פון א״י ? דאָ, אין אַמעריקע, קאָן עס זיין אַ קאַמפּיין, איינער פון די אומצאָליקע צו גאָרנישט פאַרפליכטנדיקע קאַמפּיינס. אָבער דאָרט, אויפן שלאַכט־

פעלד, ווערט יעדעס וואָרט אויפגענומען ווי אויפמונטערונג צום בלוטיקן קאַמף.

: : : : : :

די „פֿרייל־אַנד"־באַוועגונג וועט ניט מיטמאַכן אַט דעם גרויזאַמען שפּיל וואָס גייט אָן אין דער יידישער וועלט. זי וועט ניט ווערן באַרוישט פון דער אידעאָלאָגיע פון פייער און דינאַמיט; זי וועט זיך פעסט האַלטן אָן די אויסגעפּרובירטע מענטשלעכע און יידישע וועגן פון באַפרייאונג. „פֿריילאַנד" וועט ניט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג צוליב דעם, וואָס דאָס מאַקסימאַלע פּאָליטישע פּראָגראַם פון ציוניזם ווערט ניט דערפילט. „פריילאַנד" וועט ניט צושטיין צו דעם אַזוי גערופענעם נאַציאָנאַלן פראָנט וואָס פאַרמעסט זיך צום אויסזיכטסלאָזן קאַמף אי קעגן „ענגלאַנד" אי קעגן דער אַראַבישער וועלט. „פריילאַנד" וועט ניט נעמען קיין אָנטייל אין יענעם געוויסנלאָזן קאַמפּיין, וואָס רעדט איין די פאַרפייניקטע יידישע מאַסן, אַז נאָר אין א"י אַליין קענען זיי געפינען די רו און די אויסלייזונג.

די „פרייל־אַנד"־באַוועגונג וועט, פאַרקערט, זוכן צו מאָביליזירן אַלע אָרגאַניש־געזונטע יידישע כוחות פאַר נ י י ע אויפגאַבן. מיר טאָרן ניט דערקלערן „די וועלט" פאַר פאַרשלאָסן אויף אַלע שלעסער; מיר מוזן זוכן און געפינען נ אָ ך א ל אַ נ ד, וואו דער יידישער מענטש זאָל קומען צו זיך און באַנייען זיין לעבן. „די וועלט איז ניט הפקר". אין ענגלאַנד און אמעריקע, אין פראַנקרייך און האָלאַנד און אומעטום זיינען פאַראַן פּראָגרעסיווע כוחות מיט וועלכע מען קען און מען מוז צוזאַמענגיין. ניט געקוקט אויף דער שמערצלעכער פּיין, אָדער דווקא צוליב איר, מוז דער ייד אומעטום ווידער אויסגלייכן זיין רוקן און ווידער אויפהויבן די אויגן צום אַרויף. זאָל ווידער אַמאָל אין די יידישע קהילות און יידישע הערצער אַ בלאָז טאָן דער פרישער ווינט פון בטחון, פון גרייטשאַפט, פון דרייסטער טאַט. דעמאָלט וועט אין אַ באַנייטן יידישן באַוואוסטזיין געפינען זיין פּלאַץ אי דאָס גרויסע און געזונטע אין א"י, אי דאָס גרויסע און צוקונפטיקע אין אַ פריי־לאַנד.

אַלץ מער און מער שטעלט זיך אַרויס, אַז די „פריילאַנד־ליגע" האָט פאַר זיך ניט נאָר די אויפגאַבע פון זוכן און צו געפינען אַ יידיש לאַנד, נאָר אויך צו ווירקן קעגן דער קראַנקער און מרה־שחורהדיקער אַטמאָספער, וואָס באַהערשט די יידישע וועלט. די פריילאַנד־ליגע מוז זיך אַנטקעגנשטעלן דער כוואַליע פון יאוש, פון נאַציאָנאַליסטישן טשאַד, פון פאַרביטערונג קעגן דער גאַנצער מענטשהייט וואָס פאַר־פלייצט היינט־צו־טאָג די יידישע גאַס. מיר מוזן רופן צו אַלע יידישע

מענטשן, — צי זיי זיינען פירנדיקע טוער און שרייבער, צי זיי געהערן צו דעם פשוטן פאָלק — אַז זיי זאָלן ווידער אַמאָל אָנהויבן טראַכטן פאַר זיך, מיט דער גאַנצער אומאָפּהענגיקייט און אחריות וואָס די צייט פאָדערט. דער יידישער גורל איז ניט פאַרבונדן מיט אַן איינ־איינציקן, אַפילו הייליקן ווינקל פון דער ערד; ער איז אַ טיפער און דערהויבענער פון אַ וועלכן ניט איז איינצל־פּראָגראַם. מיר וועלן דערפאַר קעמפן מיט אַלע אונדזערע כוחות פאַר ביידע זאַכן: אי פאַר אַ נייעם פריילאַנד, אי פאַר דעם פרייען יידישן גייסט אומעטום.

---

צו דער „פּריילאַנד־ליגע פאַר טעריטאָריאַליסטישער קאָלאָניזאַציע"

FREELAND LEAGUE
1819 Broadway, Suite 301-4
New York 23, N. Y.

איך בין מסכים מיט די צילן און אויפגאַבן פון דער „פריילאַנד־ליגע" און בעט אַריינגעמען מיך אַלס מיטגליד מיט אַ יערלעכן מיטגליד־שטייער פון.............$.

איך בעט אייך מיר שיקן דעם זשורנאַל „אויפן שוועל" (יערלעכער אַבאָנימענט $3.00).

בייגעלייגט וועט איר געפינען די סומע.........$.

נאָמען ................................

אַדרעס ................................

אונטערשריפט ........................

